


אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעססע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20. מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך
און פירטעל־יעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעססע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 30 Juli 1902. | Nr. 5 | קראקוי, כ״ה תמוז תרס״ב.

## אינהאלט:



## צו אונזערע מוטערס.

יעדע מוטער ווינשט איהר קינד דאס בעסטע און וואלט געוואלט ווי צום גיכסטען דערלעבען אין איהר קינד נחת. איינע ווינשט זיך אז איהר קינד זאל ווערען א גרויסער רב, די צווייטע — א דאקטאר, איין אדוואקאט, וכדומה. דאס ווינשען אליין איז אבער נאך נישט גענוג, מען דארף פערשטעהען וועלכע מיטעל זענען די ריכטיגע, אויף וואס פאר איין אופן קען דאס קינד דעם ציעל, מיט דער צייט, דערגרייכען. געוועהנליך מיינט מען אז דערצו דארף מען דאס קינד געבען בילדונג, אוועקגעבען עס אין א גוטען חדר, אין א שולע, און וואס פריהער, איז בעסער, וועט גיכער דאס קינד זיין ציעל דערגרייכען.

אבער דווקא דאס איילען זיך מיט דעם לערנען איז די עיקר סבה, פאר וואס מיר זעהען ניט ארויס די פעולה, וועלכע מיר ווילען ביי אונזער קינד זעהען. אויף יעדען שריט הערען מיר, ווי די עלטערען בעקלאגען זיך: ס'טייטש, מיר זשאלעווען נישט קיין געלד, מיר זוכען אויס די בעסטע מלמדים און לעהרער, די גרעסטע און טייערסטע ביכער, נאר אונזער קינד זאל לערנען, און דערווייל זעהען מיר א גאנץ קליינע פעולה, און דער עיקר, ווייל דאס קינד וויל ניט לערנען. באלד ווי עס האט נאר אנגעהויבען לערנען, האט עס אפילו געהאט גרויס חשק פלעגט זיך אויפכאפען נאך פארטאג, אוועקלויפען אין חדר אהן עסען, קומענדיג אהיים, פלעגט עס זיך באלד נעהמען צום שרייבען, לעזען, אבער קוים זענען אוועק די ערשטע פאר חדשים, איז איהם נמאס געווארען דאס לערנען, קיין קלעפ העלפען דא אויך ניט, חאטש עס האט פאר'ן טאטען מורא. וואס טהוט מען, גיט איין עצה, אפשר בייטען די שולע, דעם לעהרער? אזעלכע מיני קלאגען הערען מיר גאנץ אפט, בעזאנדערס פון די יונגע מוטערס, וואס ווילען ווי צום גיכסטען דערלעבען נחת פון זייערע קינדער. און שולדיג זענען אין דעם די מוטערס זעלבסט, — וועלכע האבען ליעב צו בעריהמען זיך פאר בעקאנטע אז איהר קינד איז שוין א וואהל געלעהרענטער, חאטש עס איז נאך אזוי יונג.

און אזוי איז דאס טאקע, לאמיר אונזערע פעהלער ניט פערלייקענען. קוים ווערט דאס יונגעל פיער אדער פינף יאהר אלט, גיט מען עס אוועק אין חדר אריין, דאס טעכטערל צו פינף אויפ'ן זעקסטען אין שקאלע אריין. און מחמת דעם איילען זיך מיט דעם לערנען, קומט ארויס א גרויסער חסרון אין אונזער קינדער ערציהונג. דען עס איז נאך וועניג אבצוגעבען דאס קינד לערנען, דער עיקר איז, אז די עלטערן זאלען פערשטעהען, ווען עס אנצוהויבען לערנען און ווי אזוי עס צו לערנען אז עס זאל ניט פארלירען באלד דעם חשק צום לערנען און אז עס זאל פון דעם למוד ארויס א פעולה. דעם חסרון קענען מיר אבער אויסמיידען, ווען מיר וועלען ניט אנהויבען פאר דער צייט צו דולען דעם קינד דאס קעפעל מיט'ן לערנען. מיט געוואלד פיהרט מען וועניג עטוואס אוים. געהמט א גרויסען מענשען — זעהט, וועלכע ארבייט טהוט ער שנעלער און בעסער? א ודאי די, וועלכע עס געפעלט איהם בעסער, און וועלכע ער טהוט מיט זיין אייגענעם רצון, און ניט איבער געוואלד. אזוי איז אויך מיט דעם קינד: אין אלף־בית זעהט דאס קינד קיין פערגניגען פאר זיך, דאס איז פאר איהם ניט קיין שפיעל מיט די חברים, עס פערשטעהט ניט דעם ציעל צו וועלכען דאס אלף־בית וועט איהם מיט דער צייט ברענגען, עס וויל גאר ארויס לויפען אויפ'ן פרייען לופט, און דא פערשפארט מען איהם אין א ענגען צימער, און מע הייסט איהם זיטצען 4 שעה נאך אנאנד אויף איין ארט. פריווט הייסט א דערוואקסענעם מענשען זיטצען נאר 2 שעה נאך אנאנד אויף איין ארט, וועט ער דאס וועלען ליידען? פאר וואס זשע פערלאנגט איהר אז א 6־יעהריגעם קינד, זאל נאך א לענגערע צייט זיין איינגעשפארט אין חדר און זיך ניט בעוועגען; א ודאי קען דאס קינד זיך ניט גוט איינהערען, וואס דער לעהרער רעדט צו איהם, עס הויבט אן צו גענעצען, ווערט שלעפעריג און דאס גאנצע זיטצען איז אומזיסט. עס קען זיין דער בעסטער לעהרער מיט די בעסטע פראקטיק און געדולד, אז דער תלמיד איז אבער נאך ניט גענוג צייטיג, וועט פון דער גאנצע מיהע גאר ניט ארויסקומען. קוקט אייך נאר בעסער צו, פאר וואס דאס קינד אייערס איז מיט אמאל פויל געווארען וועט איהר באלד דערזעהן, אז עס איז גאר ניט פויל, עס איז פראסט שוואך געווארען, זיטצענדיג א האלבען טאג אין ענגע לופט האט עס פערלוירען דעם אפעטיט, אויפגעהערט צו עסען און וויל זיך שוין ניט שפיעלען, ארום יאגען זיך מיט די חברים אונטערן פרייען הימעל. זיין שוואכער מוח'ל קען ניט בעגרייפען די

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

### א ראמאן אין צוויי טייל

פון

### שלום־עליכם

(פארטזעטצונג).

III.

### דאס ערשטע בעגעגעניש פון אונזער פאר'ל.

אויב איהר האט צייט, פאהרט זיך דורך צו אונז קיין מאזעפעווקע, נישט צו ליעב עפיס אמסחר, ווארום ביי אונז איז די פרנסה, לא עליכם נאך אלץ שטארק געשלאגען; נישט אויף צו קורירען זיך זאלט איהר קומען קיין מאזעפעווקע, ווארום ביי אונז איז נישט קיין ארט פון היילען זיך; ביי אונז איז איין ארט פון קריינקען; אדרבה, מיר מיט אונזערע ווייבער געבען צו לייזען אין יעהופעץ גענוג געלד די דאקטוירים מיט די פראפעססארען, וואס 99 פראצענט פראקטיקע ציהען זיי פון אונז און פון אונזערע ווייבער. נישט איין מויער שטעהט אין יעהופעץ פאר אונזערע מאזעפעווקער יודישע קערבלעך, אויך אדעס איז גוט בעוואוסט אונזערע „רעמאטיזניקעס“, וואס מיר טראנספארטירען אהין אלע זומער אויפן „לימאן“; ביי טאג געהען זיי דארט איבער די הייזער און ביינאכט באדען זיי זיך אין ים און זענען אפנים שטארק צופריעדען, ווארום איבער א יאהר אם ירצה השם פאהרען זיי ווידער אהין...

אז איהר וועט קומען צופאהרען בשלום קיין מאזעפעווקע זאלט איהר זיך מטריח זיין אויף דער געבריקעוועטער גאס שבת ביי טאג נאכן טיש, ווען יודען בעלי־בתים רוהען, געניסען ענג שבת, חראפען און פייפען אויף אלערליי נאטען. דעמאלט טהוט זיך דאס אביסעל אן יונגווארג יום־טוב'דיג. מיידלעך ציהען זיך אוים ווי די פריצעם להבדיל און מע געהט „אויפן שפאציר“. דעמאלט ווערט די גאס פערפלייצט מיט זיידענע קליידליך, סאמעטענע מענטעליך מיט פראנזען, גאלדענע קייטליך, היטעליך, זאנטעקליך, הענטשעקעליך, פעדערען אלערליי פארבען, מעהרסטענטהייל געלע אדער „טונקעל גרין פאפעליאטע“ — די צוויי באליעבטע פארבען, וואס זענען שטארק אנגענומען ביי אונזערע מאזעפעווקער „דאמען“ און „מאמזעלען“ אזוי, אז טאמער באגעגענט איהר ערגיץ אין יעהופעץ אין אגארטען, אין טהעאטער, אדער ביים פראפעססאר א פאר דאמען (זיי געהען קיין מאל נישט אליין, שטענדיג אינצווייען, אינדרייען און א מאל אינפירען) מיט געלע מענטעליך, טונקעל גרינע פאפעליאטען קליידלעך און זיי רעדען גאנץ ברייטליך, הויך, אויסגעצויגען און מיט א נגונד'ל, בעדארפט איהר זיי נישט פרעגען פון וואנען זיי קומען אן: דאס זענען אונזערע, און אויב איהר האט אין מאזעפעווקע עמיצען א קרוב אדער א בעקאנטען, מעגט איהר דורך זיי איבערגעבען א גרוס...

טויטע אותיות און ווערטער, וואס מען הייסט איהם איינחזר'ן אַ פּאָר שעה כסדר. פּערשטעהען האט ער דאָ גיט וואס, דעריבער קען אזא מין לערנען איהם ניט געפעלען און ווי באלד מען צווינגט איהם, ווערט ער מיעד און די אַרבייט געהט ניט ווייטער.

אין מיינע 15 יעהריגע פּראַקטיק אין מיין שולע האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ווען אַ פעהיג קינד פון איבער 7 יאָהר האָט אַנגעפאַנגען אַלף-בית, האָט עס אין פערלויף פון 6 וואָכען שוין געקענט פיין לעזען. אַ קינד מיט מיטעלע פעהיגקייטען האָט דאס איינגענע בעוויעזען נישט שפּעטער ווי דריי חדשים. אָבער ווען איך פלעג אָנהויבען לערנען מיט קינדער אויפען זעקסטען, זיעבענטען יאָהר, פלעגט געדויערען ניט ווייניגער ווי אַ גאַנץ יאָהר איידער דאס קינד פלעגט זיך אויסלערנען לעזען. בקיצור די איינענע פּעולה וואס אַ 7 יעדריגעס קינד מאַכט אין אַ משך פון 2 חדשים, דאַרף אַ קינד פון 6 יאָהר, אפילו אַ פעהיגס, לערנען אַ גאַנץ יאָהר. אלזא בערעכענט וויפיעל רובל איהר קענט פאַרשפּאָרען ווען איהר זאָלט אייער קינד אָבגעבען אין אַ שולע מיט 12—18 און אפילו מיט 24 חדשים שפּעטער ווי אייך ווילט זיך. דאָס קינד וועט דערבאַי גאָר ניט פערליערען, אדרבא, עס וועט נאָך אָנקלויבען געזונד, און איהר וועט פאַרשפּאָרען געלד. ניט איין געטרייע מוטער דער שלאָפט ניט קיין נאַכט און רעכענט אוים ווי אַזוי די הוצאה פערקלענערען, פון וואס אָבצושפּאָרען, פון זיך אָדער פון די קינדער, אבי צוזאַמען צושטיקעווען צוויי דריי רובל שכר לימוד אַ חודש פאַר איהר קינד, וואס ווערט באַלד 6 יאָהר, און דאַרף שוין אָנהויבען צו לערנען. קאַרגט ניט אָב פון מויל, פערניצט בעסער די פּאָר רובל אויף בעסער עסען פאַר אייער קינד, גיט איהם מעהר מילך, אייער, אַ גוט שטיקל פליישׁ, שיקט איהם שפּאַציערען אָדער לאָזט איהם גלאַט לויפען אויפען פרייען לופט און שפּיעלען זיך מיט זיינע חברים, וועט איהם דערפון צו קומען בלוט און כחות; זיי וועלען איהם אין אַ יאָהר אַרום אַ ודאי צו ניטץ קומען, בשעת ער וועט שוין אָנהויבען לערנען; דען וואס דאס קינד איז געזונדטער און שטאַרקער, איז זיין זכרון און זיינע אַנדערע פעהיגקייטען בעסער. פיעל מוטערס וועלען אפילו זאָגען, אַז עס איז ניט מעגליך איינצוהאַלטען דאס קינד אין דער היים ביז 7 יאָהר, און זיי ווילען ניט אַז זייער קינד זאָל אַרומלויפען איבער די גאַסען מיט „ווייסע חברה'ניקעס", אָדער זיי זאָלען איבערקעהרען די שטוב. אויף דער טענה מוז איך אייך מודה זיין, אַז איהר זענט גערעכט, עס איז שווער דאס קינד איינצוהאַלטען צו הויז אָהן אַ בעשעפטיגונג פאַר איהם. אָבער שולען און חדרים זענען געמאַכט פאַר עלטערע קינדער. פאַר קינדער וואס זענען יונגער פון 7 יאָהר טויג ניט די בעסטע שולע אין דער וועלט. אַזוינע קינדער דאַרפען האָבען גאָר אַיין אַנדער מין לימוד, פון וועלכע מיר וועלען אַיין אַנדער מאָל רעדען. דערוויל אָבער דאַרפט איהר פערשטעהען, אַז דער עיקר איז געזונד און איהר טאָרט ניט מיט לערנען פאַר דער צייט אייער שוואַך קינד נאָך שוואַכער מאַכען. איהר מוזט צוליעב אייער קינדס געזונד זיין געדולדיג און ביז ער ווערט 7 יאָהר אַלט דעם טומעל אין שטוב פערטראָגען. וואָס לענגער דאס קינד וועט לעבען אָהן זאָרגען, אָהן אַ שום עול ווי אַ פרייע פייגעלע אין דער לופט, דאס מעהר געזונד וועט עס אָנקלויבען אויף די שווערע יאָהרען, וואס וועלען זיך אין גיכען פאַר איהם אָנהויבען מיט דעם לימוד. און וועלכע מוטער וויל דאס ניט, אַז איהר קינד זאָל זיין געזונד און פרעהליך? פּרובט נאָר און גיט ניט אַוועק אייערע קינדערליך לערנען צו פריה וועט איהר געווים קיין חרטה ניט האָבען.

שרה צוקערמאַן.



אין איינעם פון די גאַנץ הייסע זומערדיגע שבתים האָט דינה (אָט וועט איהר באַלד וויסען ווער זי איז) שפּאַצירט איבער דער געבריקעוועטער גאַס מיט נאָך מיידלעך; דינה, מיט איהר נאַטירליכע, נישט געמלאכה'טע שיינקייט, מיט איהר גרויסאַרטיגען אַרויסטריט און מיט איהרע דווקא פּראָסטע, וואָלוועלע. נאָר ריינע קליידער, האָט אויסגעוויזען צווישען אַלע מאָזעפּעווער געלע-טונקעל-גרינע-פּאָפּעליאַטע מאַמזעלען, ווי אַ געבאָהרענע פּרינצעסין, אָדער ווי אַ כלה פאַרן באַדעקענס. אָפּמאָלען זי דאָ פאַר אייך, רעכען איך איז איבעריג; ערשטענס זענען נישט אַלע גוסטען גלייך; וואָס איינעם געפעלט געפעלט דאָס נישט דעם אַנדערען; און צווייטענס איז דאָס אונמעגליך, אַ פּען איז נישט קיין פאָטאָגראַפיע, און אַ פאָטאָגראַפיע אַליין איז אויך אַ טויטע זאַך. עס וועט אייך שוין זיין גרינגער, אַז איך וועל אייך למשל זאָגען, אַז דינה'ס אויגען זענען שוואַרץ ווי די נאַכט און טיף ווי דעם ים? און אַז איהרע שוואַרצע געגרייזעלטע האָר האָבען אַרומגעברומט איהר שען ליכטיג פּנים מיט איהר קלאָר ווייסען האַלז? אָדער וואָס וועט אייך שוין זיין אַזוי גוט, אַז איהר וועט שוין וויסען, אַז דינה'ס נאָז איז מיט אַ בערגעל — אַ יודישע נאָז, וואָס נישט באַי איטליכען האָט דאס דעם אייגענעם חן? אָדער אַז איך וועל אייך זאָגען אַז זי איז אַ קורצזיכטיגע, און דאָס קורזיכטיגקייט איהרס פּאַסט איהר דווקא צום פּנים? בחורים שוין דער וואַכסענע, מיט סימנים פון בערדלעך, האָבען געקוקט אויף דינה'ן מיט אָפענטליך פאַרגינגען און מיט פאַבאָרגענע ליעבשאַפט, אָפט מאָל געטראַכט וועגען איהר באַי נאַכט אויפן געלעגער און געזעהען זיך מיט איהר נישט איין מאָל נאַכדעם... אין חלום. מיידעלעך האָבען מקנא געווען, איהר נישט פאַרגונען, געזוכט אויף איהר חסרונות און נישט געפונען.

צווישען די בחורים, וואָס האָבען דעם שבת בייטאָג שפּאַצירט איבער דער געבריקעוועטער גאַס איז געווען איינער אַ הויכער מיט בלאָנדע האָר, מיט גוטע בלויע אויגען, מיט'ן נאָמען דוד, וואָס איז נאָר וואָס געקומען צופאָהרען פון דער גרויסער שטאָדט קיין מאַזעפּעווקע צו גאַסט.. דער זעהען דינה'ן האָט ער זיך ניט ווילענדיג אָפּגעשטעלט און אַפרעג געטהון באַי זיינע געוועזענע חברים:

— ווער איז אָט דאָס מיידיל?

— דאָס איז אונזער צירונג — האָבען די חברים איהם געענטפערט — מע רופט זי די „שענע דינה".

— דינה? — האָט דוד זיך אָנגערופען אַזוי הויך אַז דינה האָט דערהערט איהר נאָמען און האָט אַ קוק געטהון אויף איהם מיט איהרע קורצזיכטיגע אויגען.

— ווער איז אָט אַ יענער הויכער? — האָט זי אַ פרעג געטהון באַי איהרע חבר'טעס.

— דאָס איז דאָך פישמאַנ'ס זוהנדיל וואָס איז געקומען צופאָהרע אויף יום-טוב אַהיים.

— דוד? אָט דאָס איז דוד? — רופט זיך אָן דינה אויך אַזוי הויך, אַז דוד וואָס איז געגאַנגען פערבאַי, האָט זיך אָפּגעשטעלט און זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט.

# די פרויען-וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(אבאל פאר ארימע ווייבער). ווי די ענגלישע בלעטער מעלדען, וועט די ענגלישע קעניגען אלעקסאנדרא מאכען בשעת די קריינונג א באל פאר די לאנדענער פרויען וואס דיענען ביי פרעמדע, און יעדע געלאדענע פרוי וועט בעקומען צום אנדענקען פון דעם טאג איין בעזונדערע מעדאל.

(א שווערע שאלה). פיעלע בורישע פרויען וועלכע זענען געבליבען אין יאהאניסבורג און די אומגעגענד, און זייערע מענער זענען אוועק אין דער מלחמה, האבען זיך פערלאזט אויף די ידיעות, וואס ענגלענדער האבען זיי געבראכט, אז זייערע מענער זענען געהרג'עט געווארען אין דער מלחמה, און זיי האבען חתונה געהאט מיט אנדערע. אצינד נאך דעם שלום זענען זייערע מענער, וואס זענען נאר געפאנגען געוועזען ביי די ענגלענדער, צוריק געקומען און פאדערין, מען זאל זיי צוריק געבען זייערע פרויען. די שאלה איז זעהר א שווערע און די לאגע זעהר אטרויעריגע.

(נישט מעהר ניי). אין איינגע רוסישע בלעטער איז געדרוקט געוועזען די ידיעה, אז ערגיץ אויף איין אייזענבאהן-סטאנציע אין עסטרייך איז א פרוי געווארען א נאטשאלניק סטאנציע, דערויף האט מען מודיע געוועזען אין דאס רוסישע בלאט „נאוואיע ווערעמיא" א אין רוסלאנד זענען שוין לאנג פרויען נאטשאלניקעס פון סטאנציעס אויף דער באהן.

II.

## יודישע נייעס.

(געגען שענדליכען האנדעל). אין די אספה פון רבנים וואס איז נישט לאנג געוועזען אין פראנקפורט-אם-מיין (דייטשלאנד) האט דער פרעזידענט פון דער אספה ד"ר הארוויץ מודיע געוועזען אז אויף דער אספה געגען שענדליכען האנדעל, וואס וועט זיין אין פראנקרייך וועט דער „רבנים-פעראיין" אויך נעהמען איין אנטהייל.

(א פרומע חברה). אין דער שטאדט סט' עטיענא אין פראנקרייך האט זיך געגרינדעט א חברה פון מיידלעך. דער צוועק פון דער חברה איז צוקלויבען געלד און מאכען פאר די דארטיגע שולען פרוכות'ן צום ארון הקודש.

(א בריעף צו מאקסים גארקי). א חברה פון געבילדעטע יודישע מיידלעך אוים דער שטאדט טשודנאוו, האבען זיך געווענדעט מיט א בריעף צום בעריהמטען רוסישען שריפטשטעלער מאקסים גארקי אין וועלכען זיי האבען איהם געבעטען ער זאל שענקען זיינע ווערק פאר דער ביבליאטהעק, וואס זיי האבען אין טשודנאוו געגרינדעט. דערויף האבען זיי פון איהם בעקומען אזא ענטפער:

„די ביכער וועט מען אייך ארויסשיקען פון פעטערסבורג. איך האב דארטען וועגען דעם געשריעבען. גאט זאל געבען איהר זאלט אריין טראגען ליכט אין דעם לעבען פון אייער גוטעם פאלק".

מיט דריי טעג שפעטער איז אנגעקומען פון דער ביכער פירמא „זנאניע" אין פעטערסבורג א חוץ אלע ווערק פון מ. גארקי, נאך אנדערע 40 ביכער.

(א מעדאל פון שולטאן). דער שולטאן האט געשענקט א מעדאל דער טאכטער פון דעם יודען דוד מאלכא אין דעם טאג פון איהר חתונה.

## א מאמע.

(א בילד).

(פארטזעטצונג).

גאנצע נעכט איז טובה געזעסען ביי דעם טישעל און ביי דער שיין פון דעם קליינעם פערויכערטען לעמפעל און האט צו רעכט גע-מאכט די העמדער פאר יצחק'ל אין וועג אריין; ביי יעדען שטאך האט זי געקלערט, אז זי נייט עס פאר יצחק'לען, ער וועט אוועקפאהרען

זייערע אויגען האבען זיך בעגעגענט און זייערע הערצער האבען זיך אויפגעהאפט, עס האט זיך אויפגעוויקעלט פאר זיי א גאנצער קנויל פון זכרונות פון אמאל. זיי האבען זיך ביידע דערמאנט אן זייערע קינדערשע יאהרען און עס זענען אויפגעשטאנען פאר זייערע אויגען בילדער שוין אפגעריבענע, און סצענעס שוין לאנג פערגעסענע. מחשבות, זכרונות פון קינדהייט זענען ווי לאנג געשטארבענע, פון יענער וועלט געקומענע מתים, וואס זענען אונז ליעב, וואס זענען אונז טייער, איינגע-באקען אין הארצען. דינה האט ניט געקאנט פערשטעהן, פאר וואס האט איהר דאס הארץ אזוי אנגעהויבען קלאפען אז זי האט דערזעהען דוד'ס גוטע בלויע אויגען, און דוד האט נישט געקאנט פערשטעהן פאר וואס האט מיט אמאל די געבריקעוועטע גאס בעקומען אין זיינע אויגען אזוי פיעל חן, אז ער האט גאר ניט געוואלט אוועקגעהן פון דאנען, און זיי האבען זיך נאך לאנג-לאנג ארומגעדרעהט הין און צוריק אט דא אויף דער גאס. זיי האבען זיך גאר נישט ארומגעקוקט, אז ס'איז שוין פאראן שטערען, אז מע האט שוין אפגעדאווענט מעריב אין אלע שולען, און אז מע האט שוין מחדש געוועזען די לבנה. אז דינה איז געקומען א פארפלאמטע א היים, האט זי די מוטער, לאה די צעלניקערען, באגעגענט מיט א ברוך הבא:

— וואס ביזט דו דאס געוועזען אזוי שפעט? וואס ביסט דו אזוי פארפלאמט? געה קוק זיך אן אין שפיגעל, וואס פאר א פנים דו האסט!

דינה האט פארביגעהענדיג געחאפט א קוק אין שפיגעל און האט זיך אליין דערשראקען פאר איהרע פארפלאמטע באקען און פאר איהרע אויגען, וואס האבען עפים מיט אמאל באקומען א משונה מאדנעם גלאנץ, ווי נאך קיין מאל ניט. און אויך אין הארצען האט זי זיך געפיהלט אזוי ווי נאך קיין מאל נישט אין איהר לעבען... זי האט אראפגעווארפען פון זיך די שבת'דיגע קליידער, געהאפט אויף זיך א קלאהר ווייס קאפטעל. אין וועלכען זי האט אויסגעזעהען נאך שענער ווי פריהער, און האט זיך גענומען צו איהרע שטוב ארבייט: פאר-קאכען טיי, איבערוואשען די גלעזער, געבען די קלענערע קינדער עסען, אויסטהון זיי און לייגען זיי שלאפען. שפעטער, אז דינה האט דאס אלסדינג אפגעטהון, האט זי זיך אוועקגעזעצט ביי איין אפענעם פענסטער, ארויסגעקוקט אין דרויסען ארוים, באטראכט דעם טונקעל בלויען הימעל מיט די פינקעלדיגע ברילליאנטענע שטערען און איז אוועק איננאנצען אין איהרע געדאנקען, נישט פרייליכע, זעהר — זעהר נישט פרייליכע געדאנקען.

ווער איז געוועזען דינה און פאר וואס זענען איהרע געדאנקען געוועזען אזוי נישט פרייליך?

(פארטזעטצונג קומט).



אִין דֶער יְשִׁיבָה אַרַיין, זִיטְצֶען אוּנ לֶערְנֶען אוּנ אַלֶע פְרַייטִיג אָנְטְהוּן אַ הֶעמְד, וָואס דִי מַאמֶע הָאט פַאר אִיהם צוּ רֶעכְט גֶעמַאכְט.

יִצְחָק׳ל אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעזֶעסֶען אויף דֶער צְוֵוייטֶער זַייט טִישׁ אוּנ הָאט אִין סֵפֶר׳יל אַרַיין גֶעקוּקְט, דִי מוּטֶער הָאט אִיהם גֶעוָואלְט עֶפִּיס זָאגֶען, אָנְזָאגֶען אִיהם פִּיעֶל, זֶעהר פִּיעֶל, נָאר וָואס, הָאט זִי אַלֵיין נִישְׁט גֶעוואוּסְט.

טוֹיבֶה מִיט יִצְחָק׳לֶען זֶענֶען פַארְטָאג אויפְגֶעשְׁטַאנֶען.

יִצְחָק׳ל הָאט גֶעקוּשְׁט דִי בְּרִידֶערְלִיךְ אִין שְׁלָאף, דִי פֶערְשְׁלָאפֶענֶע שְׁוֶועסְטֶערְלִיךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט בְּלוֹיז: „בְּלַייבְּט גֶעזוּנְד“. אֵיין שְׁוֶועסְטֶערִיל גָאלְדֶה, הָאט זִיךְ אויפְגֶעחַאפְּט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וֵויינֶען אַז זִי וִויל אויךְ מִיט גֶעהֶען בֶּעגְלֵייטֶען דֶעם בְּרוּדֶער. דִי מוּטֶער הָאט זִי אִין דֶער שְׁטִיל אַיינְגֶענוּמֶען אוּנ טְרָאגֶענְדִיג יִצְחָק׳לְס קֶעסְטֶעל זֶענֶען זֵיי בֵּיידֶע פוּן דֶער שְׁטוּבּ אַרוֹיס.

דִי גַאס הָאט נָאךְ גֶעשְׁלָאפֶען, דִי לָאדֶען זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען פֶערְמַאכְט, נָאר אִין מִיטְ׳ן גַאס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ פוֹיעֶרְשֶׁע פוּהר מִיט אוֹיבְּס, אַרוּם גֶערִינְגֶעלְט מִיט וַוייבֶּער. פוּן דֶער וַוייטֶען הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט יֶענְטֶה׳ס קוֹל:

— פִינְף גִילְדֶען מִיט צֶעהן גְרָאשֶׁען, דָאס גַאנְצֶע אוֹיבְּס נֶעהם אִיךְ.

אוּנ טוֹיבֶּה, נָאכְטְרָאגֶענְדֶעג יִצְחָק׳לֶען דָאס קֶעסְטֶעל, אִיז דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען דֶעם מַארְק אוּנ דֶערְזֶעהֶענְדִיג יֶענְטֶען הָאט זִי אויף אִיהר גֶעקוּקְט מִיט שְׁטָאלְץ.

זֵיי זֶענֶען אַרוֹיס אוּנְטֶער דֶעם שְׁטֶעדְטֶעל, אויף דֶעם וֶועג, אוּנ אָבְּגֶעוַוארְט אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט נָאךְ לֶענְטְשִׁיץ אוּנ פוּן דָארְט זָאל יִצְחָק׳ל וַוייטֶער פָאהרֶען קֵיין נ...

דֶער הִימֶעל אִיז נָאךְ גֶעוֶוען הֶעל, דִי פֶעלְדֶער זֶענֶען נָאךְ פֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוֶוען אִין טוֹי־וָואלְקֶען, נָאר פוּן דֶערְוַוייטֶענְס הָאט זִיךְ גֶעשְׁוַוארְצְט דֶער וֶועג.

בַּאלְד אִיז דוּרְכְגֶעפָאהרֶען אַ פוּהר, פוּל מִיט פֶערְשׁוֹינֶען. דִי מוּטֶער הָאט פַאר יִצְחָק׳לֶען אוֹיסְגֶעדוּנְגֶען אַיין אָרְט פַאר פֶערְצִיג גְרָאשֶׁען אוּנ עֶר הָאט אויף דֶעם וָואגֶען אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט דָאס קֶעסְטִיל.

אוּנ דִי מוּטֶער הָאט אַרוֹיסְגֶעקְרַאצְט אַ פָּאר פֶערְצִיגֶערְס פוּן דֶער קֶעשֶׁענֶע אוּנ אִיהם אַיינְגֶעבּוּנְדֶען אִין הֶעמְדֶעל.

— פָאהר גֶעזוּנְדֶערְהֵייט! פֶערְגֶעס נִישְׁט אָן דֶער מַאמֶען! הָאט זִי וַויינֶענְדִיג אוֹיסְגֶערֶעדְט.

יִצְחָק׳ל הָאט גֶעשְׁוִויגֶען.

זִי הָאט גֶעוָואלְט אִיהר קִינְד קוּשֶׁען נָאר זִי הָאט גֶעוואוּסְט, אַז דָאס פַּאסְט נִישְׁט פַאר אַ דֶערְוַואקְסֶענְדִיג יוּנְגִיל אוּנ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהַאלְטֶען.

יִצְחָק׳ל אִיז אַרוֹיף אויף דֶער פוּהר, דִי פַּאסַאזְשִׁירֶען הָאבֶּען פַאר אִיהם צְוִוישֶׁען זִיךְ אַיין אָרְט גֶעמַאכְט.

— בְּלַייבּ גֶעזוּנְד, מַאמֶע, הָאט עֶר גֶעזָאגְט וֶוען דִי פוּהר הָאט זִיךְ פוּן אָרְט גֶערִיהְרְט.

— פָאהר גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, מַיין קִינְד! זִיטְץ אוּנ לֶערְנֶען דָארְט אוּנ פֶערְגֶעס נִישְׁט אָן דֶער מַאמֶען, הָאט טוֹיבֶּה גֶעשְׁרִיעֶן.

דִי פוּהר הָאט זִיךְ וָואס אַ מָאל דֶער וַוייטֶערְט אַרוֹיף אויף דֶעם בַּארְג, וָואס הָאט זִיךְ גֶעזֶעהֶען פוּן דֶערְוַוייטֶענְס.

טוֹיבֶּה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ נָאךְ אַלְץ גֶעקוּקְט נָאךְ דֶער פוּהר. וֶוען מֶען הָאט דִי פוּהר שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט גֶעזֶעהן, הָאט זִיךְ טוֹיבֶּה אוּמְגֶעדְרֶעהט אוּנ צוּרִיק אִין דֶער שְׁטָאדְט אַרַיין.

זִי הָאט אָנְגֶעלֶעגְט וֶועג כְּדֵי עֶס זָאל אִיהר אוֹיסְקוּמֶען פַאר בַּיי גֶעהן דֶעם „בֵּית־עוֹלָם“.

נִיט קֵיין הוֹיכֶער פַּארְקֶען פוּן בְּרֶעטֶער הָאט דֶעם בֵּית־עוֹלָם אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט אוּנ דִי מַצֵבוֹת הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעקְט אוּנ גֶעקוּקְט אִין הִימֶעל אַרַיין.

זִי אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען אוּנ אַרוֹיף גֶעקְלֶעטֶערְט אַבִּיסֶעל אויף דֶעם פַּארְקֶען אוּנ אַרַיינְשְׁטֶעקֶענְדִיג דֶעם קָאפּ אִין „פֶעלְד“ אַרַיין צְוִוישֶׁען דִי מַצֵבוֹת הָאט זִי עֶפִּיס גֶעזוּכְט מִיט דִי אוֹיגֶען, אוּנ אַז זִי הָאט דֶערְזֶעהן אַ בֶּעקַאנְטֶע מַצֵבָה, הָאט זִי מִיט דֶעם קָאפּ אַהִין גֶעשָׁאקֶעלְט:

בָּרוּךְ, בָּרוּךְ! דַיין זוּהן יִצְחָק׳ל אִיז אִין דֶער יְשִׁיבָה גֶעפָאהרֶען, תּוֹרָה לֶערְנֶען.

בַּאלְד הָאט זִי זִיךְ אָבֶּער דֶער מָאנְט אָן דֶעם מַארְק. יֶענְטֶע הָאט אַוַדַאי דָאס גַאנְצֶע אוֹיבְּס אָבְּגֶעקוֹיפְט: פַאר אִיהר וֶועט נָאר נִישְׁט אִיבֶּער בְּלַייבֶּען, אוּנ הָאט זִיךְ אִין שְׁטָאדְט גֶעאַיילְט.

זִי אִיז גִיכֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנ זֶעהר צוּ פְרִיעֶדֶען מִיט זִיךְ גֶעוֶועזֶען. עֶפִּיס הָאט זִי גֶעפִיהלְט, אַז זִי הָאט אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ גֶעטְהוּן, אוּנ טְרַאכְטֶענְדִיג אַזוֹי, אִיז זִי צוּ גֶעקוּמֶען צוּ דֶער פוּהר אוֹיבְּס.

---

אִין צְוֵויי וָואכֶען אַרוּם הָאט זִי פוּן יִצְחָק׳לֶען אַ בְּרִיוֶועלֶע עֶרְהַאלְטֶען. אַלֵיין לֶעזֶען קֶען זִי נִישְׁט, אִיז זִי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם בְּרִיוֶועל צוּ ר׳ יוֹחָנָן מְלַמֵד, אַז עֶר זָאל אִיהר אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען.

ר׳ יוֹחָנָן הָאט דִי בְּרִילֶען אָנְגֶעטְהוּן אוּנ לֶעזְט פוּן בְּרִיוֶועל אַרוֹיס:

„לְאִמִי אֲהוּבָתִי הַצְנוּעָה...

— וָואס אִיז דֶער טַייטְשׁ? הָאט טוֹיבֶּה גֶעפְרֶעגְט.

— אַ טִיטֶעל אִיז דָאס צוּ דֶער מוּטֶער, זָאגְט ר׳ יוֹחָנָן אוּנ לֵייעֶנְט וַוייטֶער.

טוֹיבֶּה׳ס גֶעזִיכְט אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען. זִי הָאט גֶענוּמֶען אִיהר פַארְטוּךְ צוּ דִי אוֹיגֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַויינֶען.

ר׳ יוֹחָנָן הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּנ גֶעלֵייעֶנְט וַוייטֶער לָשׁוֹן־קוֹדֶשׁ וֶוערְטֶער.

— וָואס אִיז דֶער טַייטְשׁ? דֶער טַייטְשׁ? פְרֶעגְט אַלְץ דִי יוֹדֶענֶע.

— גָאר נִישְׁט, נִישְׁט פַאר אַייךְ, אִיהר וֶועט עֶס נִישְׁט פֶערְשְׁטֶעהן. עֶס אִיז אַ פְּשֶׁטְ׳ל.

טוֹיבֶּה הָאט אִין דֶער שְׁטִיל גֶעוֵויינְט, גֶעוֵויינְט פַאר פְרֵייד. בַּיים סוֹף הָאט עֶר הוֹיךְ גֶעלֵייעֶנְט יוּדִישׁ:

„אִיךְ גֶערִיס אִמִי אֲהוּבָתִי, מִיט אֲחוֹתִי, אוּנ שָׂרָה׳ן אוּנ גָאלְדֶען אוּנ יַעֲקֹב, לָאז עֶר זִיךְ גוּט לֶערְנֶען. אִיךְ הָאבּ אַלֶע טֶעג... אוּנ שְׁלָאף בַּיי ר׳ חַיִימֶ׳ען“.

טוֹיבֶּע הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט בֶּעגְנִיגֶען מִיט דִי פָּאר וֶוערְטֶער — זִי הָאט צוּגֶענוּמֶען דֶעם בְּרִיעף, אִיהם גֶעלֶעגְט אִין קֶעשֶׁענֶע אַרַיין אוּנ גֶעגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אִין מַארְק אַרַיין.

אויף דער נאכט — האט זי זיך געטראכט — וועל איך ארונ־טערגעהן צום דין, לאז ער לעזען דאס בריוועל.

(ענדע קומט).

שלום אש.

# א מאליגע פרויען.

(ענדע).

וואס זיי האט געצוואונגען צו פערבאטען חתונות מיט נאהענטע קרובים ווייסט מען ניט ריכטיג, מען קען פונדעסטוועגען זיך משער זיין, וועלכע סבות האבען דער צו געבראכט. אין דער נאטור פון מענשען ליגט צו גליסטען פרעמדע'ס און וועלען דאס, וואס איז ניט זיינס, איהם ווילט זיך דוקא, וואס ער האט ניט.

אמאליגע מענשען פלעגען אפט איינער דעם אנדערען בע'גזלנ'ען, אינ עס איז געווען גרויס די תאוה נאך אלצדינג, וואס מען האט געקענט בעקומען ביי די פרעמדע. דערצו האט נאך דער פרוי פון דער נאטור אליין מעהר געצויגען צו די מענער פון א פרעמדער משפחה ווי צו די איינענע, מיט וועלכע זי האט זיך צוזאמען געהאדעוועט. די פרויען זענען דענסטמאל געווען שטארק און דעריבער האבען זיי זייער וואונש געקענט אויספיהרען.

א חוץ דעם, האבען די פרויען אויך, אלעס מוטערס, געוויס בעמערקט, ווי שעדליך עס איז פאר דעם געזונד חתונה האבען מיט קרובים. אויך האבען זיי בעמערקט, אז די וואס האבען חתונה מיט פרעמדע זענען געזונדער און שטארקער.

און דאס, וואס דאס פראקטישע לעבען שאפט, ווערט מיט דער צייט א חוק ולא יעבור: דער פערבאט, ניט חתונה צו האבען מיט די נאהענטע קרובים, ווערט באלד ביי דעם מענשען זעהר א שטרענגער געזעטץ. ווער עס פלעגט עובר זיין אויף דעם געזעטץ, דעם האט מען געטוידט און אויפגעגעסען. די ווילדע פרויען אין אפריקא לעבען נאך עד היום ווי זיי ווילען אין מיט וועמען זיי ווילען, קלויבען זיך אליין אויס מענער און נאך זייער טוידט בעגראבט מען זייערע מענער לעבענדיגערהייט מיט זיי צוזאמען. אזא מנהג פון שפעטערדיגע צייטען, ווייזט אויף, אז דער געזעטץ איז געוועזען שטרענג נאר פאר די מענער; די פרויען אבער, וועלכע האבען זיך געפיהלט פאר די שטארקסטע, האבען זיך געפיהרט ווי זיי האבען געוואלט.

ביי די מאנדזוריען, אינדיאנער, חינעזער, איז עד היום שטרענג פערבאטען דעם מאנסביל חתונה צו האבען מיט א פרוי, וועלכע טראגט דעם זעלביגען נאמען וואס ער, ביי די טשערקעסען (אין קאווקאז) איז דא א שטרענגער מנהג, אז ווען צוויי פרעמדע מאנסבילען רופען איינער דעם אנדערען ברודער, טארען זיי שוין נישט חתונה האבען מיט זייערע שוועסטער, כאטש זיי זענען גאר ווילד פרעמדע. די אמעריקאנער ווילדע האבען געהרג'ט איינעם פון זייער חברה, וועלכער האט עובר געוועזען אויף דעם געזעטץ.

ווי גרויס אבער עס איז געווען די אהבה צווישען די מענשען פון איין משפחה, איז נאך גרעסער געווען די שנאה צווישען צוויי פרעמדע משפחות: מען האט געזוכט א וועק צו גזלנ'ען איינע ביי די אנדערע אלץ, וואס מען האט געקאנט, אויך אוועק צו נעהמען מאנסבילען און פרויען איינע ביי די אנדערע. און ווייל עס איז פערבאטען געוואָרען חתונה צו האבען מיט קרובים, האט זיך טאקי אויסגעבילדעט ביי פרויען א מנהג צו גזלנ'ען מאנסבילען פון פרעמדע משפחות.

די פרויען פלעגען זיך מוזען פאנגען חתנים, ביי פיעל ווילדע איז עד היום דא א מנהג אוועק גזלנ'ען חתנים און דער נאך זיי נוטצען צו אלערליי ארבייט פאר דער גאנצער משפחה; ביי די מאסקאליען איז נאך געבליבען עד היום דער מנהג פון פאנגען חתנים: פרויען קלויבען זיך צו נויף און מאכען גאנצע איבערפאלען אויף דעם חתן, וועלכער בעדארף חתונה האבען.

די מאכט פון די פרויען אין יענע צייטען איז געווען, ווי מיר האבען שוין אויבען געזאגט, זעהר שטארק און גרויס. ביי א טהייל אפריקאנער ווילדע פיהרען די פרויען דעם האנדעל, וועלכער האט זיך מיט דער צייט ביי זיי ענטוויקעלט; זיי בעשעפטיגען זיך מיט ערד ארבייט, מיט בהמות האדעווען, די מענער זיטצען אבער אין דער היים און בעשעפטיגען זיך מיט נעהען, וועבען, מעלקען בהמות און רכילות־פיהרען.

נאך א צייט שפעטער געפינט מען, אז אין דאהאמע בעשטעהט דאס רוב מיליטער פון פרויען.

די קינדער, וועלכע האבען זיך געהאדעוועט מיט זייערע מוטערס, ווייסען נישט פון זייער פאטער, זיי זענען שטענדיג נאר מיט די מוטערס, און אלץ וואס עס בלייבט נאך די עלטערענ'ס טוידט יארשענ'ען די שוועסטער. וואס עס געפינט זיך אין דער בעלי־בתיש'קייט, געהערט צו דער מוטער, אלע טראגען אויך דעם נאמען פון דער מוטער. נאך ביז היינט איז איבער געבליבען די רופען אלץ אויף דער מוטערס נאמען, למשל: „די מוטער־שפראך". די מאכט פון דער אמאליגער מוטער איז געווען אזוי שטארק, אז אפילו אין שפעטערע צייטען, האט מען נאך לאנג געפיהלט איהר ווירקונג. פון די עלטערען פלעגען ירשענ'ען די טעכטער און נישט די זיהן. ביי אנדערע פעלקער האלט מען נאך עד היום אלע נאהענטע פון דעם פאטערס צד גאר נישט פאר קרובים; מען טאר נישט חתונה האבען מיט די קרובים פון דער מוטערס צד, אבער מיט די קרובים פון פאטערס צד מעג מען חתונה האבען, ווייל מען האלט זיי ניט פאר קיין קרובים.

דאס ערשטע געפיהל פון ליעבע און ערגעבענהייט וועלכע דער מענש האט געפיהלט, איז געוועזען די ליעבע צו דער מוטער. נאך אין די ערסטע צייטען, ווען דער מענש איז נאך געוועזען זעהר ווילד, האט די פרוי פערשפרייט אומעטום איהר ליעבע און בעשיטצונג אלס מוטער און אלס שוועסטער. —

דאס מוטערליכע געפיהל איז געוועזען דער ערשטער כח ביי דעם מענשען, וועלכער האט אין יענע צייטען געמאכט די פרוי שטארק און וועלכע האט פערשפרייט צווישען די מענשען דאס ברודער־און־שוועסטער געפיהל.

און דאס, וואס די פרוי איז געוועזען די בעל־הבית'טע אין אלע ענינים פון דעם אמאליגען לעבען, — איהר שכל און כח, איהר ווירקונג אלס שוועסטער און מוטער, דאס אלעס האט זי אין גאנצען איבער־געלאזען בירושה אויף שפעטערע צייטען.

און אקוראט ווי דאס קינד בעקומט די ערשטע ערציהונג פון דער מוטער, אזוי האט אויך די מענשהייט בעקומען איהרע ערשטע ערציהונג פון דער „מוטער".

ש. בעלענקי.

---

## פאר די מוטערס.

### ווי אזוי אבצוהיטען קינדער פון אנשטעקענדע קראנקהייטען.

מאזערן איז א קראנקהייט, וואס הערשט אומעטום און שוינט כמעט קיינעם נישט. דערוואקסענע מענשען ליידען אויף מאזערן זעהר זעלטען, ווייל יעדער קומט די קראנקהייט איבער ווען ער איז א קינד און זעהר זעלטען טרעפט זיך, אז איינער זאל עטליכע מאל אויף איהר ליידען. די קראנקהייט ווערד „אויסגעבריהט" אין 7—1 טאג און נאך דריי וואכען איז זי שוין נישט אנשטעקענד. אממערסטען אנשטעקענד איז זי בשעת דער קראנקער האט היץ און די מאזערן טרעטען ארויס אויף דעם קראנקעם לייב; בשעת די מאזערן טרעטען אב, איז זי שוין זעהר ווייניג אנשטעקענד. אם אנפאנג פון דער קראנקהייט בעקומט דאס קינד א אויגען־קאטאר אדער א נאז־קאטאר מיט א הוסט און דעם קינד איז שווער צו עטהמען; דעריבער ביי יעדען קאטאר (בפרט ביי א אויגען־קאטאר) מיט היטץ וועלכער קומט פאר ביי קינדער, מוז מען זעהר פארזיכטיג זיין.

דאס שרעקליכסטע פון די מאזערן איז דאס, וואס צו דער קראנקהייט קען זיך צו טשעפען קייכהוסט, וועלכער מאכט די קינדער פעהיג צו שווינדזוכט. כמעט יעדעס קינד מוז ליידען אויף מאזערן און די קראנקהייט איז נישט געפעהרליך, דעריבער ברויך מען ביי איהר נישט אזוי פארזיכטיג צו זיין, ווי ביי שארלאך; מען ברויך נור צו זעהן, אז ווען דאס קינד בעקומט א קאטאר, זאל עס נישט געהן אין דער שולע, אום עס זאל אנדערע קינדער נישט שאדען; געזונדע קינדער מעגען זיין צו זאמען מיט די קינדער, וואס זענען קראנק געוועזען אויף מאזערן, נאך פיער וואכען זייט די קרענק.

צו מאזערן, ווי מיר האבען אויבען געזאגט, טשעפעט זיך אפט צו קייכהוסט, וואס בעפאלט אממערסטען קינדער צווישען צווייטען און זיבעטען יאהר. אין גרויסע שטעדט הערשט דער קייכהוסט שטענדיג, נור פיעל מאל פערברייטעט ער זיך זעהר שרעקליך. דאס „אויסבריהען" פון דער קראנקהייט דויערט ביז ניין טעג, אנשטעקענד איז זי זעקס אכט וואכען, ווי לאנג דאס קינד הערט נישט אויף צו הוסטען. די קראנקהייטען ווערען איבערטראגען צו אנדערע מיט דעם שפייעכטס, וואס ווערד אויסגעשפריצט פון דעם קינדס מויל, בשעת דאס קינד הוסט. אין דער שטוב, וואו דאס קראנקע קינד איז, ברויכען דעריבער צו זיין שיסלען מיט דעזינפעקטישע מיטלען, אין וועלכע דאס קינד זאל שפייען און ברעכען; ביי קליינע קינדער ברויך מען דאס אלעס צוזאמען נעמען אין טיכליך, וועלכע ברויכען דערנאך געקאכט צו ווערען.

די בעסטע רפואה אויף קייכהוסט איז פרישע לופט, דעריבער ברויך מען די קינדער, וואס ליידען אויף קייכהוסטען, צו האלטען ווי נור מעגליך איז, אויף דער פרייער לופט. אום געזונדע קינדער נישט צו שאדען, ברויך מען האבען א בעזונדער ארט פאר די קראנקע קינדער זיי זאלען נישט שפאצירען און נישט שפיעלען מיט געזונדע.

בעסער איז ארויס צו פאהרען אין דארף ארייז מיט די קינדער, וואס ליידען אויף קייכהוסטען. עס פערשטעהט זיך, אז מען קען מיט זיי נישט פאהרען אין קורערטער, וואו עס געפינען זיך קינדער, וואס ליידען אויף אנדערע קראנקהייטען, כדי מען זאל זיי נישט אנשטעקען אויך מיט קייכהוסטען.

---

## פאר די בעל־הבית'טעס.

### מאכלים אויף די „ניין־טעג".

1) יאגדעס־זופ (פון ווייגשיל, קארשען און אנדערע יאגדעס). איין קווארט שווארצע יאגדעס קאכט מען א האלבע שעה אין 1½ קווארט וואסער, דערנאך ווערען די יאגדעס דורך א זיפ גוט דורכגעריבען און מיט דער זופ דורכגעגאסען. מען לעגט אריין פעיר לויט צוקער, א שטיקעל צימרינג און מען לאזט די זופ ווידער אויפקאכען. נאכדעם לאזט מען זי אבקיהלען און מען פערשלאגט זי מיט א האלבע קוואטירעל סמעטענע.

די זופ ווערד געגעסען מיט רייז, קארטאפעל, אדער פענעצליך.

2) שטשאוועל־זופ. פון שטאוו ווערען די עקען אוועקגעווארפען און די בלעטער מוזען גוט אויסגעשווענקט ווערען. דערנאך צעהאקט מען זיי דין און מען לעגט אריין א ביסעל אין 1½ קווארט געזאלצען, זודיג, וואסער. מען לאזט קאכען 10 מינוט און מען שטעלט אוועק פון פייער. ווען די זופ איז שוין אבגעקיהלט פערשלאגט מען זי מיט א האלב קוואטירעל סמעטענע.

די זופ ווערד געגעסען מיט קארטאפלעס.

3) שוואמען־זופ. א ביסעל פרישע שוואמען ווערד גוט, עטליכע מאל אויסגעוואשען, געבריהט, אויף קליינע שטיקלעך צעשניטען און אריינגעלעגט אין 1½ קווארט זודיג וואסער. מען לאזט די שוואמען קאכען ביז זיי ווערען ווייך און דאן ערשט זאלצט מען זיי, דערנאך שיט מען אריין דין געשניטענע פארפיל פון א האלב פונט מעהל מיט איין איי. מען פרעגעלט א גרויסע ציבעלע אין 4 לויט פוטער און מען לעגט אריין אין דער זופ.

4) בוראקעס־בארשט. 8 מיטעלע בוראקעס ווערען דין צעשניטען, גוט אויסגעשווענקט און ווייך געקאכט. דערנאך זאלצט מען און מען גיט צו ציטרין־זאלץ. מען לעגט אריין א ביסיל צעהאקטען קאפער און מען פערשלאגט דעם בארשט מיט א קוואטירעל סמעטענע.

די זופ עסט מען מיט קארטאפלעס.

5) זופ פון ווייסע פאסאלעס. א האלבע קווארט ווייסע פאסאלע קאכט מען ביז זי איז ווייך און מען צערייבט זי אין א זיפ. דערנאך לאזט מען דורך די זיפ וואסער, אין וועלכען עס איז בעזונדער געקאכט געווארען 2 פעטרושקעס, 1 מעהרל און א שטיקעל סעלעריע (אזא מין קרויט). נאכדעם פרעגעלט מען דין צעהאקט גרינס פון פעטרושקע אין א לעפעל פוטער, מען לעגט עס אריין אין דער זופ און מען לאזט אויפקאכען. אויב די זופ איז נאך נישט גענוג געדיכט, ברוינט מען זי צו מיט א ביסעל מעהל און פוטער.

די זופ עסט מען מיט פענעצליך.

6) מילך־זופ. פון 5 אייער נעהמט מען בעזונדער די ווייסליכטסען און מען צעקלאפט זיי אויף שוים (פיאנא) ביז זי איז גוט ווייס ווי שניי. מען לאזט אויפקאכען צוויי קווארט מילך און בשעת זי קאכט לעגט מען אין איהר אריין לעפעלווייז די שוים פון די איי־ווייסליכען. ווען זי איז פערטיג אויף איין זייט, דרעהט מען זי איבער אויף דער צווייטער זייט און

מען לאזט ווידער אויפקאכען. דערנאך נעהמט מען ארויס די שוים אויף די טעלער, די 5 געלבליכסטע צערייבט מען צוזאמען מיט א לעפעל דינעם צוקער אין אביסעל וואניליע און דערמיט פערשלאגט מען די מילך. ווען די זופ איז אבגעקיהלט גיסט מען זי ארויף אויף דער שוים פון די ווייסליך און מען דערלאנגט צום טיש.

7) שאקאלאד־זופ. שאקאלאד־זופ ווערד געמאכט ווי א מילך־זופ, נאר חוץ דעם וואס מיר האבען אויבען געשריבען, ווערד צו יעדע קווארט מילך, צוגעגעבען דריי לויט געמאלענעס שאקאלאד.

8) פאמידארען־זופ. 4 גרויסע פאמידארען ווערען געשוועכט, אויף פיערטלען צעשניטען און געדעמפט אין א לעפעל פוטער. דערנאך ווערען זיי דורכגעריבען אין א זיפ און ביסלעכווייז דורכגעגאסען מיט וואסער, וואס איז בעזונדער געקאכט געווארען צוזאמען מיט פעטרושקע, א מעהרל און אשטיקעל סעלעריע, מען זאלצט און מען לאזט אויפקאכען. ווען די זופ איז אבגעקיהלט פערשלאגט מען זי מיט א קוואטירעל געדיכטע, זויערע סמעטענע.

די זופ ווערד געגעסען מיט רייז.

9) קירשען־זופ. 2 פונט קירשען ווערען געוואשען אין וואסער, געקאכט ביז זיי זענען ווייך און דורכגעריבען אין א דורכשלאג. מען שיט אריין צוקער לויט דעם געשמאק, א שטיקעל צימרינג און מען לאזט אויפקאכען. ווען די זופ איז אבגעקיהלט פערשלאגט מען זי מיט א קוואטירעל סמעטענע.

די זופ עסט מען מיט פענעצליך, אדער מיט קארטאפלעס.

10) פיש־זופ. קליינע, גוט אבגערייניגטע און געזאלצענע פישליך ווערען בעגאסען מיט וואסער, אין וועלכען עס איז בעזונדער געקאכט געווארען 2 פעטרושקעס, 1 גרויסע ציבעלע, 1 מעהר און מען לאזט אין דעם וואסער די פישליך גוט צוקאכען. דערנאך ווערען זיי גוט דורכגעריבען אין א זיפ. צו 4 טעלער זופ נעהמט מען 1 קוואטירעל סמעטענע, א האלבען לעפעל מעהל, מען צעקלאפט עס גוט און מען פערשלאגט דערמיט די זופ.

די זופ עסט מען מיט קליינע קניידליך.

11) קאטלעטען פון הערינג. דריי געוועהנליכע, הארטע הערינג לאזט מען ווייקען צוויי מעת־לעת. דערנאך נעהמט מען ארויס די ביינער און מען גיט צו איין גרויסע אויסגעווייקטע און פון וואסער אויסגעדריקטע זעמעל, איין איי, אביסעל געריבענע ציבעלע, א שטיקעל פוטער און מען צעהאקט דאס אלעס צוזאמען זעהר דין. פון דעם מאכט מען קאטלעטען, מען בעשיט זיי מיט געריבענע זעמעל און מען פרעגעלט זיי אין גוטען עהל, אדער אין פוטער ביז זיי ווערען ברוין.

12) קאטלעטען פון ארבעס. מען לאזט ארבעס ווייקען איבער נאכט אין פיעל וואסער. אויף מארגען גיסט מען אראב דאס וואסער און מען גיסט ארויף פריש וואסער, מען זאלצט און מען לאזט קאכען ביז די ארבעס ווערען ווייך. דערנאך צערייבט מען זיי אין א זיפ, מען לעגט אריין פוטער (אויף יעדע קווארט ארבעס 2 לעפעל פוטער) און מען דעמפט אין א פאן, מישענדיג די גאנצע צייט ביז צום דנא, אום עס זאל זיך נישט פאר ברענען. מען פעפערט, זאלצט, מען גיט צו עטליכע לעפעל געריבענע זעמעל, איין איי און מען מישט אלעס גוט אויס. די מאסע טהיילט מען אויף קליינע חלקים און מען מאכט פון זיי קליינע קאטלעטען. מען בעשמיערט זיי מיט א איי, מען בעשיט דיק מיט געריבענע זעמעל און מען פרעגעלט זיי אין פוטער ביז זיי ווערען ברוין.

13) פאשטעט פון העכט. פון א אבגערייניגטען העכט נעהמט מען ארויס דעם רוקען־ביין, מען זאלצט איהם און מען לאזט איהם א האלבע שעה בראטען אין אויווען בעגיסענדיג איהם מיט פוטער. מען מאכט א פארש פון א אנדערן פיש אויף אזא אופן: מען צע־שניידט א פיש, מען ציהט פון איהם אראב די הויט, נעהמט ארויס די ביינער, זאלצט און פעפערט, מען גיט צו עטליכע דין צעהאקטע און אין פוטער נעפרעגעלטע ציבעלעס, א אויסגעווייקטע און פון וואסער אויסגעדריקטע זעמעל, א לעפעל פוטער, צוויי געלעכלעך, איין גאנץ איי און דאס ווערד צוזאמען גוט צעהאקט. דעם פארש לעגט מען אין א לענגליכדיגע, מיט פוטער אויסגעשמירטע, פאן. אויף דעם לעגט מען דעם העכט, מען בעדעקט איהם מיט פארש און אויף דעם לעגט מען א טייג וואס איז געקנעטען געווארען מיט אייער און פוטער, נאר אויף אזא אופן, אז א טהייל פון קאפ און דער עק זאלען נישט פער־דעקט זיין. דאס טייג בעשמיערט מען מיט פוטער און מען שטעלט דעם פאשטעט אויף א שעה אין אויווען אריין.

14) קאטלעטען פון פיש. פון א פיש נעהמט מען ארויס די ביינער. מען צעהאקט איהם צוזאמען מיט א אויסגעווייקטע אין מילך זעמעל, א געפרעגעלטע ציבעלע, אשטיקעל פוטער, איין איי, זאלץ און פעפער. פון דעם מאכט מען קאטלעטען אויף א ברעט, וואס איז בעשאטען מיט געריבענע זעמעל. מען בעשמיערט זיי מיט א איי, מען בעשיט מיט געריבענע זעמעל און מען פרעגעלט אויף הייסע פוטער.

פעריל—ק.

---

# אלערליי.

---

## יודישע פרויען און די יודישע ארבייט (סטאטיסטיקע).

יודישע פרויען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט מלאכות, געפינען זיך אין רוסלאנד, אין די ערטער וואו יודען מעגען וואהנען — 76,548. פון דעם זענען אין ליטא און דרום־רוסלאנד 61,614, אין פוילישע גובערניעס 14,934. די גרעסטע צאהל פרויען זענען שניידערינען. פון זיי זענען בעל־הבית'טעס פאר זיך אין רוסלאנד און אין פוילען 9,191; ביי זיי געפינען זיך 12,636 ארבייטערינען און 11,592 לעהרמיידליך. אלע צו זאמען זענען דא 33,419 שניידערינען אדער 41 פראצענט בערך, דאס הייסט, פון יעדע הונדערט פרויען, וואס בעשעפטי־גען זיך מיט מלאכות, זענען 41 שניידערינען.

וועש נעהטערינען זענען דא 7,161, ביי זיי געפינען זיך 5090 — ארבייטע־רינען און 5080 לעהר־מיידליך, צו זאמען 17,331 אדער 21 פראצענט. זאקענמא־כערינס זענען דא בעל־הבית'טעס פאר זיך 3,633, ארבייטערינען 1077, לעהר־מיידליך 1029; בסך הכל: 5,739 אדער 8 פראצענט. פוצמאכערינען (מאדיסט־קעס) בעל הבית'טעס: 1,686, ארבייטערינן 1,436, לעהר־מיידליך 940; צו זאמען — 4,062 אדער 4 פראצענט א־ערך. פאפיראסענמאכערינען: בעל הבית'טעס 991, ארבייטערינען 471, לעהר־מיידליך 251; צו זאמען 1,713 אדער 2 פראצענט. האנדשוה־מאכערינ'ס בעל־הבית'טעס 182, ארבייטערינען 180, לעהר־מיידליך 119 צו זאמען 481. אין אנדערע מלאכות געפינען זיך פרויען ביז 13,803, אדער 20 פראצענט בערך.

סך הכל יודישע בעלי־מלאכות פרויען און מאנסביל געפינען זיך אין רוסלאנד, אין די גובערניעס וואו יודען מעגען וואהנען, 500,986, דער פון זענען פרויען, ווי מיר האבען שוין געזאגט 76,548, אדער 15 פראצענט, דאס הייסט, צווישען הונדערט בעלי־מלכות זענען דא 15 פרויען. דאס בעווייזט, אז יודישע פרויען האבען שוין א גאנץ גרויסען חלק אין מלאכה און ארבייט.

---

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau